פאמיליען־
ביבליאטעק

שלום־עליכם.

---

# שראגע.

לכבוד פורים.

---

ווארשא, תרע"ב.

№ 134

פרייז 7 ק.

שלום-עליכם.

# שראגע.

אײנאַקטער.

לכבוד פורים.

פערלאג „פאמיליען-ביבליאָטעק".

הויפטפערקויף אין בוכהאנדלונג „צענטראל".

װארשױ. ניו-יארק.

תרע"ב — 1912

# שראגע.

א אײנאַקטער

לכבוד פורים.

---

## פערזאָנען:

ישראל-איסר — א נגיד. האַלב-יוד, האַלב-אריסטאָקראַט. א „שפּעגעלאַנט" פון דער בערזע.

חנה — זײן װײב. מעהר יודענע װי אריסטאָקראַטין.

בערטע — זײער טעכטערל, א בת-יחידה-קה'לע, א כלה, א יפת תואר.

נרישא — איהר חתן. װיל אריין אין אוניװערזיטעט.

שושנה — איהרע א חבר'טע.

הײדאַד — א לעהרער פון העברעאיש.

געסט — מעקלערס פון דער בערזע מיט זײערע װײבער. אלע אריסטאָקראַטען.

יונגװאַרג — מײסטענס מײדלעך.

אָרט — יעהופּעץ.

צײט — פורים נאָך דער מגילה.

---

(אַ בעל-הבתישע שטוּב. פּמן מעֶבעֶל. אַ פּאַרטעֶפּיאַנאָ. אין מיטעֶן צוֵי-מעֶר צוויי לאַמבעֶרנעֶ טישלאַך איבערגעֶדעֶקט מיט אַ ווײַס טישטוך. אויפ'ן טיש איין אָפּעֶנעֶ מגילה. חײַדאַר לײַעֶנט די מגילה. אלעֶ שטעֶהעֶן ארום איהם און הערעֶן צו. איטליכער אין איין אנדערער פּאָזע: ישראל-איסר האַלט צו מיט איין האַנד די מגילה, אין דער אַנדערער האָט ער אַ ליכט. ער לײַכט דעֶם בעל-קורא און קוקט אַליין אויך אַרײַן. די איבריגעֶ מאַנסבילעֶן זעֶהעֶן אויס, ווי זיי האָבעֶן זיך געֶביטעֶן מיט די היטלעֶן. די דאַמעֶן ווייסעֶן נישט, וואָס פאַר אַ פּנים זיי זאָלעֶן מאַכעֶן, ס'זאָל אויסקומעֶן נישט צו ערנסט און נישט צו לײַכטזיניג. חנה שטעֶהט מיט אַ פרום פּנים. בערטעֶ אין עקסטאַז, שעפּטשעֶט נאָך איטליכעֶם וואָרט. גרישא שטשיפּעֶט די וואָנסילעֶך; קיקט מיט ליעבשאַפט אויף בערטעֶ'ן. יונגוואַרג שטעֶהעֶן פערלײַגט די העֶנד אַרונטער, האַלב ערנסט האַלב שמײַכלענד, קוקען אַלע אויף בערטע'ן).

---

**הוידאַד** (שאָקעֶלט זיך איבער דער מגילה מעשה הון. די הענד הענגען איהם אַראָב פון הינטען, גלײַך ווי זיי געהערען זיך מיט דער מגילה גאָר נישט אָן. קוקט גאָר נישט אַרײַן, זאָגט כמעט איסוועניג מיט אַ נגון. פריהער גיך און נאָכדעם אַלץ מעהר אײַנגעהאַלטען): וכל מעשה תקפו וגבורתו ופרשת גדלת מרדכי אשר גדלו המלך הלא הם כתובים על ספר דברי הימים למלכי מדי ופרת (לאַנגזאַם) ומרדכי היהודי משנה למלך אחשורוש (מיט גדלות) וגדול ליהודים (טריאומפירענד) ורצוי לרוב אחיו (הויך און מיט אַ נגון) דורש טוב לעמו ודובר שלום לכל זרעו. (עס טוט איהם באַנג, וואָס ער האָט אַזוי גיך געענדיגט).

**ישראל-איסר** (לעשט אויס דאָס ליכט, גיט דעם לעהרער, ער זאָל צונויפקאַטשען די מגילה. טרייסעלט אָב די הענד): סלאַווא באָגאָו!

**בערטע** (מיט אַ פּאַרוואָרף צום פאָטער): פּאַפּאַ! וואָס פאַר אַ לשון? וואָס פאַר אַ שפּראַך? וואָס פאַר אַ סלאַווא באָגאָו?

**ישראל-איסר**: איך מיין, דאַנקען גאָט מיין איך, געֶ'פטר'ט...

**בערטע** (אַ פּלעסק מיט די הענד): גע'פטר'ט? אויף דער מגילה גע'פטר'ט?

**ישראל-איסר** (וויל זיך פערענטפערען פאר דער טאָלטער): קינדערניו, ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגען... איך האָב געוואָלט זאָגען...

**בערטע** (קאפריזנע): וואָס דו האָסט געוואָלט זאָגען ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז דו האָסט געזאָגט אויף דער מגילה „גע'פטר'ט"!

**ישראל-איסר**: קינדערניו, איך האָב נאָר געזאָגט, אַז די מגילה... אַז ביי אונז אין שטוב... אַז... (קוקט אויפ'ן חתן, בעט זיך ביי איהם מיט די אויגען, ער זאָל צוגעהן איהם אביסעל ארויס-העלפען, ער זאָל איהם פערענטפערען).

**גרישא** (טוט זיך א ווארף צו בערטע'ן): אַ וואָל אַוויכאַ...

**בערטע** (פערריכט איהם): אַוויך.

**גרישא**: וויגאָוואַט... טאָ יעסט סליכאַ! אַוויך היביאַ סימחאַטאָ בידוואַר קריאַט המגילאַ האָזע...

**בערטע**: האַזאָט...

**גרישא**: וויגאָוואַט, טאָ יעסט סליכאַ... המגילה האָזאָט באַבאַאיט האַזאָט...

**בערטע**: האָזע.

**גרישא**: סליכאַ! באַבאַאיט האָזע... (חתן כלה ווערען ארומגערינגעלט מיט'ן יונגוואַרג, קעהרען אָב אויף א זייט. שלאָגען זיך צונויף אלע אינ-איינעם. רעדען שטילערהייד).

**ישראל-איסר** (גליקליך, וואס דער חתן האָט איהם ארויסגעראטעוועט פון דער טאָכטערס הענד, קוקט אויף די געסט צופריעדען): גאָספאָדאַ! סאַ-דיטעס! זיצט... פאַר וואָס זיצט איהר נישט? (די געסט שטעהען נאָך אלץ, ווי פרעמדע מחותנים, ווייסען נישט, וואָס צו טאָן מיט די הינטלען).

**הײדאַד** (געענדיגט די ארבייט, שטעלט זיך אוועק מיט דער צונויפגעקאטשעטער מגילה אקעגען די געסט, ווייזט מיט דער האנד אויף דער מגילה און רעדט אויף העברעאיש מיט'ן ספרדישען אקצענט, וואָס ווייטער מיט אלץ מעהר היץ): בעלאָל דאָר ואַדאָר ובלאָל מדינאָ אומ-דינאָ האַזערעט המגילאַ האַזאָט... (די געסט קוקען אויפ'ן לעהרער מיט הילרע אויגען, פערשטעהען נישט, וואָס ער וויל, רוקען זיך אָב פון איהם, ער טרעט אָן אויף זיי, טאַכט מיט דער מגילה אין

דער לופטען און רעדט מיט נאך מעהר פייער): קאמא פעאמים נעלטאוו וועגעחטאם אל אם היהודים לאהאראג אול האש־מיר!!... קאמא פעאמים יאצא האמאן בען האמראטא האאנאגי לעלטאוו שיטנא אל אם איסראעל!...

ישראל-איסר (זעהט ווי די געסט האבען מורא פאר'ן לעהרער, מישט ער זיך אריין אין מיטען, ווענדט זיך צום לעהרער): וידבר על העצים ועל האבנים — וואס רעדט איהר צו זיי אזא לשון, וואס זיי הויבען נישט אן צו פערשטעהן? א מעהר דבר'ט בעסער אט צו ווענען. (ווייזט אן אויפ'ן יונגהארג) זיי ווילען אייך פערשטעהן, זיי זיינען מבין כל דבור.

היידאד (האלב אויף יודיש האלב אויף העברעאיש): וואס געהט'ס מעך אען, צייענער פערשטעהט מעך, ציער פערשטעהט מעך נישט! דאס איז מאן שפראך! למאי שעמט זיך נישט ביי אונז דער פוילען מיט זיין פוילעש, דער ראטש מיט זאן ראטש, דער פראנצויז מיט זאן פראנצויזיש, און אפילו דער ציגאנער מיט זאן ציגאנעריש! אני מעדאבער איווריט בעכאל מאקאם ואים קאל האאלאם. ואפילו כשאני יאצע בעמערקאווא אני אמער להאקאנדוקטאר: טען לי קארטים! וואס געהט'ס מעך אען!

ערשטער גאסט: קאקאיא בלאזשענסטווא!

צווייטער גאסט: זאמעטשאטעלני יאזיק! פאחאוש נא איטאליאנסקי.

דריטער גאסט (מיט א באסאווע שטים): סאווערשעננא וויערנא, זוואוטשים קאק איספאנסקי.

פיערטער גאסט: איספאנסקי, איספאנסקי.

בערטע (וואס שטעהט מיט שושנה'ן ביי דער זייט, רעדט שטיל, ווענדט זיך צום פאטער פון דערווייטענס): וואס איז דארט ביי אייך פאר א שמועס, פאפא?

ישראל-איסר (צופריעדען, וואס מען האט איהם אבגעריסען פון איין אנשיקעניש): מיר שמועסען דא מיט'ן לעהרער וועגען דרעווניעיעווריעסקי...

בערטע (פון דערווייטענס צום פאטער): אך, פאפא! איך האב דיך וויפיעל מאל געבעטען זאלסט דאס נישט רופען דרעווניע־יעווריעסקי! וואס פאר א דרעווניעיעווריעסקי?

**היידאַד** (צופריעדען מיט בערטע׳ן) : טאָוו וועיאפע וועָנעָחמאד וועָנאַ־אים!

**בערטע** : קאָנסט דאָס רופען ווי דו ווילסט. קאָנסט דאָס רופען העבּרעאיש, קאָנסט דאָס רופען אונזער לשון, אונזער נאַציאָנאַל־שפּראַך.

**ישראל־איסר** (צו דער טאָכטער פון דערווייטען) : נו קאָניעטשנאָ נאַציאָנאַל־שפּראַך. ווי אַזוי זאָג איך דען? (בערטע רעדט מיט איהרע חבר׳טעס און חברים און ישראל־איסר צו די געסט) : אָדנים סלאָוואָס ס׳א וועלט געוואָרען — ניע דאי באָג! איהר מיינט נאָר דאָ? אויף דער גאַנצער וועלט. און נאָר מאָלאָריאָזש! זעהט איהר אָט די ראָזיגע יפהפיה? (ווייזט אויף שושנה׳ן, וואָס רעדט מיט דער טאָכטער) דאָס האָט מען איהר צו פערדאַנקען. דאָס האָט זי אינאיינעם מיט מיין טאָכטער אויפגעגעבען אַ פּראָיעקט אויף צו סאָיעדיניאיען די מאָלאָדיאָזש פון דער גאַנצער וועלט. וואָפּערוויך : (וויל צעהלען אויף די פינגער).

**בערטע** (צום פאָטער פון דערווייטען) : וואָס ווייזטו אויף אונז מיט די פינגער, פּאַפּאַ?

**ישראל־איסר** (צו דער טאָכטער און שושנה׳ן) : גאָרנישט. איך שמועס עס אקעגען אייער הסתדרות, וואָס איהר האָט אויסגעטראַכט...

**שושנה** : וואָס מיר האָבען אויסגעטראַכט?

**היידאַד** (מישט זיך אריין. שאָקעלט מיט דער צענויפגעקאַטשעטער מגילה, רעדט צו ישראל־איסר׳ן) : סליכאַ! סליכאַ!...

**ישראל־איסר** : וואָסער סליחה? ס׳איז דען אַ סליחה? ס׳איז דאָך אַ מגילה, נישט קיין סליחה.

**היידאַד** : קיין! אוואַל... סליכאַ. (אַ מאַך מיט דער האַנד. געהט אָב צום יונגוואַרג, מע זעהט פון דערווייטען ווי שושנה רעדט, ושעסטיקולירענד מיט די הענד און דאָס גאַנצע יונגוואַרג הערט זיך איין).

**ישראל־איסר** (פטור געוואָרען פון׳ם לעהרער, נעהמט אַראָב דאָס ווייסע טישטוך פון׳ם גרינעם טישעל און גיט עס איבער מיט׳ן ליכט צו חנה׳ן. טהוט אויס דאָס היטעל) דושינקע, פאַרוואָס בעטסטו נישט די דאַמען שפּאַצירען... מיין איך זיצען?

**חנה** (צו די דאמען): זיצט, פאַר וואָס זיצט איהר נישט? (די דאַמען זעצען זיך אויס מיט די רידיקולס אין די הענד. קוקען אויף די מאַנסבילען. די מאַנסבילען טוען אויס איינציגוויז די הוטלען. אייניגע פערדרייבערען. אייניגע שטעהען און קוקען נאָך אויפ'ן יונגוואַרג, וואָס הערען בערטעס רעדע).

**ישראל-איסר** (פערדרייבערט. צו די געסט, אָנווייזענדיג אויפ'ן יונגוואַרג): ס'איז ביי זיי היינט אַ שפּעגעלאַציע... מיין איך אַ סאָברּאַניע פון דער נייער אָבשטשעסטוואַ, וואָס איך האָב אייך אָנגעהויבען צו דערצעהלען, האָט מיך אָט דער חיים-יענקעל איבערגעשלאָגען (ווייזט אויפ'ן לעהרער) און פון וועמען וואַקסט עס? אַלץ פון איהר, אַלץ פון איהר. (ווייזט אויף שושנה'ן און מיינט די טאָכטער) אַ ברען ניע דאַי באָג! קאַרג וואָס זי האָט אָבגע'שמדט גאַנץ יעהופּעץ, געמאַכט אַלע שתּענגע-לאַנטען, מיין איך אַלע יורען פאַר דרעוונעיעוורייצעס, האָט זי זיך גענומען איצטער פאַר די אַלע איבריגע שטעדט פון דער גאַנצער וועלט. איהר זאָלט זעהן די בריעף, וואָס זיי צעשרייבען אַ טאָג -- ניע דאַי באָג!

**חנה** (וואָס רעדט שוין מיט די דאַמען, מישט זיך אַריין צו די מאַנסבילען):
וואָס זיי קאָסט אָב אַ וואָך פּאָסט-מאַרקען, מיט אָטקריט-קעס, מיט פּאַפּיער, מיט טינט, מיט שלעק, צרות, וואָלט זיך עס אַ מעקלער ווינשען פערדינען אויף דער בערזע... (דער עולם קוקט זיך איבער שמייכלענדיג).

**ישראל-איסר** (וויל צוטרייבען די אונאַנגענעהמליכקייט): דושענקאַ! פּאַרוואָס הייסט דו נישט עפּעס דערלאַנגען צום טיש? ס'איז דאָך עפּעס יום-טוב! פּורים אויף דער וועלט! המנ'ס יאָהר-צייט!

**חנה**: שוין געהייסען. אָט באַלד וועט מען דערלאַנגען. - (רעדט שטילערהייד מיט די דאַמען).

**ישראל-איסר** (צו די געסט): אַ פערקעהרטע וועלט געוואָרען. שטעלט אייך פאַר, ראָזשע לעוו איזראַילעטש...

**געסט** (אַלע אויפגעלעבט): לעוו איזראַילעוויטש? וואָס לעוו איזראַילעוויטש?

**ישראל-איסר**: לעוו איזראַילעוויטש האָט זיך אָנימעלטען אויסגע-דריקט, אַז ער האַלט אויך פון די זאַכען. דאָס הייסט

פון יודיש האלט ער דוקא נישט, ער האט פיינט ושאר-
נאן ווי חזיר! וושארגאן, זאגט ער, איז נישט קיין שפראך,
ער האלט נאר פון דרעווניעוורייסקי. ער זאל זיך נישט
סטיעסניאנען, זאגט ער, פאר כריסטען, וואלט ער איינ-
געפיהרט, אז אלע זיינע סלוזשאטשעס זאלען אין קאנ-
טאר רעדען נאר פא דרעווניעווריסקי.

ערשטער גאסט: ניעאוושעלי? קאקאיא בלאזשענסטווא!

(צווישען יונגווארג ברעכט אויס א געלעכטער. די דאמען דרעהען זיך אויס צום יונגוואָרג, קוקען זיך איבער מיט די מאנסבילען).

ישראל-איסר (צו דער טאכטער פון דערווייטען): וואס איז דארט ביי אייך אזוי לעבעדיג?

בערטע (פון דערווייטען) אך, פאפא! ווען ווערט איהר שוין אויפ-הערען אמאל דינען עבודה זרה?

היידאד: טאוו וועיאפע וועגעחמאר חענאאים!

ישראל-איסר: וואסער עבודה זרה?

שושנה (פון דערווייטען): א גליק וואס לעוו איזראילעוויטש לייענט נישט חנוכה די מגילה און בענשט נישט פורים מיין חנוכה-ליכטלעך...

יונגווארג: חא-חא-חא!

היידאד: טאוו וועיאפע וועגעחמאד חענאאים!

ישראל-איסר (פיהלט זיך נישט גוט. וויל פעררעדען די געסט): ניע דאי באג! ווי וואלטען וועלען, אז אלע שפעגעלאנטען, אלע יודען מיין איך, זאלען בענטשען די מגילה און לייענען חנוכה-ליכטלעך און בענטשען די מגילה, — טפו! וואס זאג איך?

חנה (קומט דעם מאן צו הילף): ביז מיר זענען נישט אריבערגעפאה-רען קיין יעהופעץ איז מיין מאן געווען א מענש, ווי אלע מענשען. און דא, זינט ער האט אנגעהויבען האנדלען אויף דער בערזע, איז ער געווארען אזא צוטראגענער מלאך, אז מען קען פון איהם דעם שלאק בעקומען! ער קאן אייך אמאל אויפשטעהן אין דער פריה און מאכען א געוואלד: „וואו זענען מיינע שפעגעלאציעס!“ — „וואסערע

שפּעגלאַציעס?" — „מײַן איך די אַקציעס?" — „װאָסערע אַקציעס?" — „מײַן איך דיװידענטען" — „װאָסערע דיװידענטען?" — לאָזט זיך אויס, אַז ער זוכט די שטעקשיך. (צװישען עולם װערט אַ געלעכטער. ישׂראל-איסר קוקט אויף חנה'ן אַריבער די ברילען, צענעהמט די הענד, װאָלט װעלען, זי זאָל שוין אַמאָל אױפהערען רעדען. אויף זײַן גליק עפענט זיך די קיכטהיר און עס באַװײַזט זיך אַ גרױסער בעקען מיט שלח-מנות'דיגע זאַכען: פלעדליך, לעקעכלעך, מאָהנדלעך, טײַגלעך און מאַראַנצען).

ישׂראל-איסר (צו חנה'ן): דושינקע, אָט האָט מען געבראַכט דעם שלח-מנות.

חנה (חאַפּט אונטער דעם בעקען מיט בײדע הענד, טראָגט איהם צו פריהער צו די דאַמען, דערנאָך צו די מאַנסבילען, דערנאָך צום יונגוואַרג, בעט יעדען באַזונדער): געניסט, איך בעט אײַך, געניסט עפּיס. פאַרוואָס זאָלט איהר עפּיס נישט געניסען? נעהמט חאָטש אַ מאַראַנץ!

ישׂראל-איסר (קומט איהר צו הילף): נאָספּאָראַ? שלח-מנות!

ערשטער גאַסט: שלח-מנות? קאַקאָיאַ בלאַזשענסטוואַ!

יונגוואַרג (שיסען אויס אַ געלעכטער): חאַ-חאַ-חאַ! (אַלע געסט קוקען זיך אַרום).

די דאַמען (קוקען אויפ'ן יונגוואַרג): וואָס איז דאָרט ווידער „חאַ-חאַ-חאַ"?

ישׂראל-איסר (צו דער טאָכטער): וואָס איז דאָרט בײַ אײַך אַזאַ גרולה?

בערטע (פון דערווײַטען): מיר קלױבען דאָ נחת פון אײַך, וואָס איהר זענט אײַך אַזוי נוקם אָן דער רוסישער שפּראַך...

שושנה: איהר זענט מקיים דעם פּסוק: לעשות נקמה בגוים... (יונגוואַרג געהען אָב אין צווייטען צימער).

הײַדאַר: טאַוו וועיאַפּע וועןָחמאַד וועןנאַאיִם! (געהט מאַכענדיג מיט דער מגילה נאָכ'ן יונגוואַרג... די דאַמען קוקען זיך איבער. די געזעלשאַפט פיהלט זיך אונאַנגענעהם).

חנה (ווײַל פאַרגלעטען. טראָגט צו נאָכאַמאָל דעם בעקען מיט שלח-מנות צו די דאַמען): געניסט, איך בעט אײַך, פאַר וואָס זאָלט איהר עפּעס נישט געניסען? נעהמט חאָטש אַ מאַראַנץ...

(די שטימונג ווערט נאך מעהר געשלאגען).

ישראל-איסר (וויל איבערדרייען די שטימונג): א וועלט געווארען! כסדר ביי זיי שפעגעלאציעס... מיין איך סאבראניעס, זאסעדאניעס. און איבערהויפט אט די שושנה און מיין טאכטער, זיי טוען אויף אזעלכע זאכען — ניע דאי באג! שטעלט אייך פאר — זיי האבען אויסגעארבייט אן אוסטאוו ביי זיי, מיט פונקטען, מיט פאראגראפען. (צעהלט אויף די פינגער): וואפערוויך, דרעוויניעיעווייסקי · וואוטאריך, יודישע חררים...

ערשטער גאסט: ניעאוזשעלי?

צווייטער גאסט: חערער׳ג?

דריטער גאסט: סאווערשענא וויערנא. שקאלעס מסתמא.

ישראל-איסר: ניין, נישט קיין שקאלעס, נאר טאקי הררים, פשוט׳ע יודישע חררים.

מאנסבילען (אלע אינאיינעם): „חררים״?

דאמען: „חררים״?!

ישראל-איסר: הײַנט איז דא ביי זיי א פונקט, מען זאל אוניטשטאזשען קארטען.

מאנסבילען (איבערראשט): אוניטשטאזשען קארטען

דאמען (דערשראקען): קארטען?!

ישראל-איסר (צענעהמט די הענד ווי אויף צו שווימען): אקאנטשאטעלנא! אוים קארטען!

ערשטער גאסט (קוקט אויף די איבריגע): קאקאיא בלאזשענסטווא!... (צום בעל-הבית) וואס-זשע, הייסט עס, וועלען מיר טאן, אז מען וועט זיך צונויפקומען נאפרימער אויף אימענינעס, אדער א יום-טוב, אדער אזוי אנ׳אבשטשעסטווע?

צווייטער גאסט: וואס פערשטעהט איהר נישט?–וועלען מיר שמועסען א ביסעל פאדרעוויניעיעווייסקי, א ביסעל פון ליטעראטור.

דריטער גאסט: סאווערשענא וויערנא. אויב אינצווייען וועט מען מאכען א זעקס-און-זעכציג, און אויב אינדרייען איז א פינף הונדערט איינס...

פיערטער גאסט: און אויב מעהרער איז א סטוקעלקע.

פינפטער גאסט: און אפשר גאָר אַנ׳אָבשטשע שפּיעל? (קוקט אויף די דאַמען) האַ? וואָס זאָגט איהר?

ראַמען: קאָניעטשנאָ אַנ׳אָבשטשע שפּיעל! (נעהמען זיך צו די רידיקולס).

ישראל-איסר: האַ? וואָס זאָגט איהר: אַנ׳אָבשטשע שפּיעל? (טאָן ווייסט נישט, פון וואַנען עס וואַקסט אויס ביי איהם אין די הענד צוויי טאַליעס קאָרטען) טאַ! ביי מיר האָט איהר גע׳פּועלט. איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, נישט מעהר ווי בעל-הבית;...

חנה (ווידער אמאל מיט׳ן שלח-מנות, שוין צו די מאַנסבילען): געניסט נאָך עפּעס, פאַר וואָס זאָלט איהר נישט געניסען? נעהמט חאָטש אַ מאַראַנץ...

ישראל איסר (וויל פטור ווערען פון איהר אויך): דושענקע! טאָמער וואָלט געוועזען געזונג מאַראַנצען? מיר האָבען דאָך געהערט וועגען המן-טאַשען. עפּיס יום-טוב פורים אויף דער וועלט. המנ׳ס יאָהר-צייט...

חנה (טוט זיך אַ חאַפּ אויף און אַ פּאַטש אין שטערען): אָט אַ קאַפּ! אַ קאַצענער מח! גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט המן-טאַשען. איך געה אין קיך אַריין. איך מוז אַליין זיין ביי די המן-טאַשען. (צו די דאַמען) האָט קיין פאַראיבעל נישט, איך מוז געהן. מיין דיענסט וועט מיר דאָרטען אָנמאַכען המן-טאַשען וועט זיין, וואָס צו זעהן! די יעהו-פּעצער פּוסטאָקראַטען — גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רייד — איך מיין די היגע דיענסטען מיין איך. איך זאָג איהר, מיין קעכין הייסט עס: המן-טאַשען קאָנט איהר מאַכען? קוקט זי מיך אָן ווי אַ לייימענער גולם. ביז איך האָב איהר איינגעטאָלקעוועט, אַז מען דאַרף פערקנעטען טייג, אויסקאַטשען און אויסקלעפּען דרייעקיגע המן-טאַשען, צערייבען מאָהן אויף מילך. ביי איהר איז געוועזען רעכט אַריינטאָן דעם מאָהן אין די המן-טאַשען, ווי ער שטעהט און געהט. גאָט איז מיט אייך, זאָג איך, איהר זענט נאָך נישט פערטיג מיט די המן-טאַשען! צו המן-טאַשען דאַרף מען נאָך האָניג אויך...

ישראל-איסר (צום ווייב): הכלל, ליובעניו, ווען וועלען מיר שוין דערלעבען זיך זעהען מיט די המן-טאַשען?

**חנה:** אַט דאָס געה איך דאָך (געהט אַב אין קיך. די דאַמען שטעלען צו איהר כלומרשט פריינדליך, צופריעדען, וואָס חנה איז אַבגעגאַנגען, רוקען זיך צו מיט די רידיקולס צום טיש).

**ישראל איסר** (צו די געסט)**:** אַלזאָ, גאָספּאָדא, איז איין אַבשטשעשע שפּיעל? איך מיין אַבער, אַז פּאָזאַקאָנו קומט היינט אַנ'אָקע. אָקע איז אַ יודישע שפּעגעלאַציע, מיין איך אַ יודישע שפּיעל. פּאַרט יום-טוב, פּורים אויף דער וועלט. המנ'ס יאָהר-צייט... (צו די געסט)**:** הא? וואָס זאָגט איהר?

**געסט** (אַלע אינאיינעם, אויפגעלעבט)**:** סאָווערשענאָ ווערנאָ — איין אָקע! איין אָקע!

**ישראל-איסר:** אַלזאָ איין אָקע? ביי מיר האָט איהר געפּועלט. איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, נישט מעהר ווי בעל-הבית... (עסענט אויף די קאָרטען מיט אַ קנאַק) ווי אַזוי-זשע שפּעגעלירען מיר, מיין איך ווי אַזוי שפּיעלען מיר? מיט'ן קווענץ?

**ערשטער גאַסט:** אָקע מיט'ן קוועץ — קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואָ!

**צווייטער גאַסט:** און איך וואָלט געזאָגט, דוקא אָהנ'עם קווענץ.

**דריטער גאַסט:** סאָווערשענאָ ווערנאָ. מיט'ן קוועץ און מיט'ן קאַנטשיק.

**פיערטער גאַסט:** פּאָ נאַסטאָיאַשטשעמו בעדאַרף זיין אַנ'אָקע מיט אַלע פּאַרלאַסטען. דאָס הייסט מען מעג אייך שטייסען ביז'ן טאָג אַריין. פון אַ דרייערעל ביז אַ הונדערטער און ראַושע מעהר פון אַ הונדערטער.

**פינפטער גאַסט:** קאָניעטשנאָ, מיט אַלע פּאַרלאַסטען, (צו די דאַמען)**:** וואָס זאָגט איהר?

**דאַמען** (נישט צופריעדען, וואָס מען וועט שפּיעלען אין אָקע אָהן זיי, נעהמען זיך פון דעכטוועגען צו די רידיקולס, רוקען זיך צו מיט די שטוהלען צו זיי אין די קאָרטען פון הינטען, זיפצען)**:** לאָז זיין אַנ'אָקע, לאָז זיין מיט אַלע פּאַרלאַסטען, אַבי לאָז מען שוין שפּיעלען.

**ישראל-איסר:** אָדנים סלאָוואָם, ווער איז ערשטע האַנד? (וואַרפט אויס קאָרטען. רעדט אין איין אָטעם)**:** אַל"ף אַנ'אָדלער. בית אַ באַרנבוים. גימעל אַ גנב. דלת אַ דריידעל. הי אַ המן-טאַש,

וואו א ווײַנגאָרטען. זיין א זאַווערוכע. חית היים-יענקעל...
(צום ערשטען גאַסט): איהר זענט ערשטע האַנד. (לעגט אויס יעדען צו צוויי קאָרטען צוגעפּאַסט און נאָכדעם צו צוויי קאָרטען אויס-געדעקט. דער עולם הויבט אן ווערען נערוועז, נאָר מען מאַכט זיך גלײַכגילטיג).

**ערשטער גאַסט**: קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ! (רוקט זיך צו צום טיש נאָך נעהנטער, נעהמט אַרויס געלד. פּערקאַטשעט די אַרבּעל) שוין לאַנג נישט געשפּיעלט אין אָקע.

**צווייטער גאַסט** (רוקט זיך צו, נעהמט זיך צו דער קעשענע): א שאָק מיט יאָהרען.

**דריטער גאַסט** (נעהמט זיך צו דער קעשענע): סאָווערשענאָ וויערנאָ! ערשט נעכטען געהאַקט אין אָקע א גאַנצע נאַכט, ביז'ן ווייסען טאָג...

**פיערטער גאַסט** (נעהמט זיך צו דער קעשענע. זינגט מיט א חסיד'ישען נגון): דער רבי האָט געהייסען פרײַליך זיין, ביז'ן ווייסען טאָג אַרײַן. (צו די דאַמען): האַ? וואָס?

**דאַמען** (קוקען מיט ברענענדיגע אויגען צו די מאַנען אין די אויסגעלעגטע קאָר-טען, זיפצען, לאַכען נערוועז): האַ-האַ-האַ!

**ישראל-איסר** (צום ערשטען גאַסט): אָרניס סלאָוואָם. איהר זענט ערשטע האַנד, דאַרפט איהר רעדען ווערטער.

**ערשטער גאַסט** (בעטראַכט אלעמענס קאָרטען, וואָס אויפ'ן טיש): קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ! איך וועל בעטען דעם עולם אַוועקלעגען צו דרייערלעך סליעפּאָ (לעגט אַוועק א דרײַערל און מאַכט צו די אויגען).

**צווייטער גאַסט**: בלא ראיה הייסט עס? (טראַכט א ווײַלע. רעדט צו זיך אַליין): נו, מאָיסיי מאַרקאָוויטש? פּאַזשאַלויטע ווקאָנטאָ-רו — אַרויס מיט דער מטבע (לעגט געלד).

**דריטער גאַסט**: סאָווערשענאָ וויערנאָ (לעגט געלד, אונצופריעדען) ווי א לאָך אין קאָפּ!

**פיערטער גאַסט** (זיפצט): אַז אָך און וועה איז מיר, איך מוז מיך נאָכשלעפּען. (לעגט געלד) בײַ א פּגירה בין איך אויך א בהמה.

**פינפטער גאַסט** (קרעכצט, לעגט א דרייערעל) פארפינסטערט בין איך געוואָרען! איך מוז אויך; וואָס זאָל איך טאָן?

**ישראל-איסר:** נו, מוז איך דאָך אודאי שפּענעלירען, איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, עפּעס בעל-הבית, לכבוד פורים...
(לעגט געלד) המנ'ס יאָהר-צייט...

**ערשטער גאַסט:** מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז דאָ דאַרף ליגען געלד. (קלאַפּט מיט א פינגער איבער די צוגעמאַכטע קאָרטען); גאָספּאָדאַ! נאָך א דרייערעל בלינד. (לעגט אוועק נאָך א דרייערעל).

**צווייטער גאַסט** (צו זיך אליין): נו, נו, מאָיסיי מאַרקאָוויטש ביזט דו אַריינגעקראָכען, קריך ווייטער. (לעגט נאָך א דרייערעל).

**דריטער גאַסט:** סאָווערשענאָ ווערנאָ. (לעגט דאָס געלד מיט כעס) ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגען!

**פיערטער גאַסט** (זיפצט): אַז אָך און וועה איז מיר. (קריכט אין קעשענע) איך מוז מיך נאָכשלעפּען. וואָס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט רב ישראל.

**פינפטער גאַסט** (קרעכצט און לעגט געלד): פארפינסטערט בין איך געוואָרען! איך מוז אויך. א ברירה האָב איך?

**ישראל-איסר:** נו, מוז איך דאָך אודאי שפּענעלירען. איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, עפּעס בעל-הבית. המנ'ס יאָהר-צייט.
(לעגט געלד. עס וואַקסען די דרייערלעך אויפ'ן טיש. אלע אויגען ברען-נען, די דאַטען זיפצען). נו, גאָספּאָדאַ? וואָס וועט זיין ווייטער? (קוקט אויפ'ן ערשטען גאַסט, פון צווייטען חדר גנב'ט זיך אונ-טער מיט שטילע טריט גרישא. קוקט זיך אַרום צוריק, געהט צו פאַ-וואָליע צום טיש, זעצט זיך אוועק אונבעמערקט אויף א שטוהל אונטער ישראל-איסר'ס פּלייצעס. קוקט צו, ווי מע שפּילט).

**ערשטער גאַסט:** וואָס זאָל זיין ווייטער? ווייטער וועלען מיר זיך געהן אָנקוקען... די דריטע קאָרט וועט שוין זאָגען, וואָס איך האָב צו טאָן... (הויבט אויף איינע פון די צוויי צוגעדעקטע קאָרטען, לעגט זי אַרויף מיט'ן פּנים אַראָפּ אויף איינע פון די אָפענע קאָרטען. לעהנט זיך אָב א ביסעל צוריק. טראָגט צו דאָס פּאַריל צו דער נאָז, וואַרפט א גיכען קוק אויף דער דריטער עטוואָס אויפגעדעק-טער קאָרט, ווערט מאָדנע לעבעדיג): קאַקאָיאַ בלאַזשענסטוואָ! (לעגט גיך אוועק צוריק די קאָרטען און נעהמט זיך צו דער קעשענע) אזוי ווי דאָס האַרץ אָבער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ

דארף ליגען אנ׳אוצר. נו, גאספאָדאַ! ווער פאָהרט מיט מיר קיין יארמעלינעץ אויפ׳ן יאריד? צוויי דרייערליך אויף דריי.

צווייטער גאסט (צו זיך אליין): נו, מאָיסיי מארקאָוויטש? דו קריכסט נאָך, צו ניין? (טוט אַ הויב אויף די דריטע קאָרט) געענטפערט אויף מיינע דריי.

דריטער גאַסט: סאָוווערשענאָ ווערנאָ. (אָנגעקוקט אלע פיער קאָרטען, מלא גזלן. טוט זיי אַ שמיץ מיט כעס): שראַגע, אַ רוח אין דיין הארצען אריין! ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אַזאַ שפּיעל, וואָס הייסט אָקע?

פיערטער גאסט: אַז אָך און וועה איז מיר. איך מוז זיך אויך געהן אָנקוקען. (קוקט זיך אָן) געשטאָרבען אַ יוד. (לעגט אַוועק די קאָרטען) איך האָב געוואוסט פריהער, אַז ווי באַלד אָקע, אַזוי ווער איך בעגראָבען.

פינפטער גאסט (קוקט זיך אָן): ברוך דיין אמת. געשטאָרבען נאָך אַ יוד. (לעגט אוועק די קאָרטען. רעדט צו די דאמען): בין איך נישט גערעכט געוועזען, אַז איך האָב געזאָגט אַנ׳אָבשטשע שפּיעל? אָקע האָט זיך זיי פערגלוסט! וואָס זאָגט איהר?

דאמען: קאָניעטשנאָ!

ישראל-איסר (צום ערשטען און צווייטען גאסט): זענען מיר, הייסט עס, געבליבען אינדריי׳ען אויפ׳ן יאריד? (צום ערשטען גאסט): וואָס־זשע וועט איהר עפּיס זאָגען ווייטער כדומה למשל נאָפּרימער? נו! אַרויס מיט לשון!

ערשטער גאסט: וואָס האָט איהר קיין צייט נישט? נאר נאָמי ניע קאָפּליעט (קוקט אויפ׳ן טיש) מע דארף זיך גוט בעטראַכטען, וואָס פערמאָגט דער עולם? (קוקט רעכטס און לינקס) דער האָט שיקסעס און דער שקצים. קאַקאָיאַ בלאַזשענסטוואָ! (צום צווייטען גאסט): וואָס וועט איהר זאָגען, ווען איך טו אַ פּאַס צו אייערע שקצים?

צווייטער גאסט: גאָט איז מיין עדות, אַז איך קאָן נישט פּאַסען׳ איך האָב דריי. (לעגט געלד) געענטפערט אויף מיינע דריי און אריבערגעצימבלט מיט איין צעהנערל אויף דריי גלייך ווי אויף אלע.

ישראל־איסר (רעדט צו זיך אליין. מאכט מיט די פינגער): היינט גנה טרעף. דער שמייסט מיט דרייערלעך אויף דריי און דער צימ. בעלט אריבער מיט א צעהנערעל אויף דריי ווי אויף אלע. עס האט אנגעריסען ביי זיי — ניע דאי באג! אצינד איז א וואפראס (מיט א נגון פון דער גמרא און שטארק אויסגעצויגען): טשטא מיניע דיעלאט? צו זאל איך מיך אריינלאזען אין דער שפעגעלאציע און שפעגעלירען סליעפא? צו זאל איך מיך געהן אנקוקען? (נעהמט זיך כלומר'שט צו דער קעשענע. צעהלט געלד. אלע אויגען קוקען אויף איהם, לעגט אוועק די קארטען און מישט אויס די איבריגע): דאסווידאניא (וויל אויפהויבען די פיערטע קארט).

גרישא (חאפט איהם אן ביי דער האנד): לאוו! באזשע סאחראני! נישטא קיין אנקוקען זיך! א צעהנערעל מיט נאך א צעהנערעל.

ישראל־איסר (קוקט אויף איהם): משוגע?

גרישא: פאלגט מיך (בעט זיך): פאלגט־זשע מיך! זיי בריידע האבען גארנישט מיט גארנישט!

ישראל־איסר (צו די געסט, ווייזט אויף גרישא'ן): אז ער הייסט! מע דארף, ווי זאגט איהר, פאלגען אמאל א חתן אויך? (לעגט געלד) קאופע קאק סטרעליע.

גרישא: יא וואס רוטשאיוס, אז זיי ביידע האבען שראגע? (נעהמט זיך צו דער קעשענע) צו אפשר מיינט איהר, אז איך האב מיך וסאמאם דיעלע איבערגעשראקען פאר אייערע שיקסעס? איך ענטפער אייך אויף אייער צעהנערעל און אריבערגעטראסקעט מיט צוויי צעהנערלעך אויף מיינע דריי, ווארים איך ווייס, אז מעהר ווי צוויי מוידען האט איהר נישט געהאט און וועט נישט האבען.

צווייטער גאסט: שוין לאנג שטיל געווען, מאיסיי מארקאוויטש, מיט אזעלכע צוויי גבורים טארסטו דיך נישט אריינלאזען אין דער גארישער וועלט. (טראכט א ווילע) הערט־זשע אוים, אפשר וועלען מיר מאכען א שטיקעל געשעפט?

ערשטער גאסט: נאפרימער?

ישראל איסר: כדומה למשל?

צווייטער גאַסט: וואָס וועט איהר מיר געבען אָבטריט-געלד? דאָס הייסט, וואָס וועט איהר מיר געבען, איך זאָל זיך אוועק-לעגען בלא ראיה?

ערשטער גאַסט: חאַ-חאַ-חאַ!

ישׂראל-איסר: אַ גוט אויג וועלען מיך אייך געבען! אַז מען האָט פּראַגע טראָגט מען זיך אָפּ און מע מאַכט נישט קיין שפּעגעלאַציעס.

צווייטער גאַסט: אַזוי זאָגט איהר? (קוקט אָן די פּיצערטע קאָרט, טראַכט אַ ווײַלע) האַ? אַז מען האָט, זאָגען זיי, פּראַגע, טראָגט מען זיך אָב און מע מאַכט נישט קיין אָנשטעלען? (נעהמט זיך כלומר'שט צו דער קעשענע. צעהלט געלד. אַלע אויגען קוקען אויף איהם. לעגט אוועק די קאָרטען און מישט זיי אויס מיט די איבּ-ריגע): ראָסווידאַניע, מאָסיע מאַרקאָוויטש! אַ חלירע וואָלט געמעגט קומען אויפ'ן מחבר פון דער אָקע!

ישׂראל-איסר (צום ערשטען גאַסט. טרייסעלט מיט די הענד): האָבען מיר שוין, סלאַווא באָגו, גע'פּטר'ט אַלע אונזערע שונאים!

ערשטער גאַסט: קאַקאָיאַ בלאַזשענסטווא!

גרישאַ (צום ערשטען גאַסט. לעגט אַרויף די האַנד אויף ישׂראל-איסר'ס קאָר-טען): געענטפערט און אַריבּערגעפּירעלט מיט אַ גאַנצען כּף-הי'ער.

ישׂראל-איסר (צו גרישא'ן): משוגע? צו חסר דעה?

גרישא: פאָלגט-זשע מיך. דרך ארץ פאַר די בּאַרישניס! טשעסט-נאָע סלאָוואָ, ער פערמאָגט נישט מעהר ווי פּראַגע!

ישׂראל-איסר (געהט צו דער קעשענע): אַז ער הייסט... (ווייזט אויף גרישא'ן) מע דאַרף, ווי זאָגט איהר, אַמאָל פאָלגען אַ חתן אויך? (לעגט געלד) דערויף זענען מיר דאָך שפּעגעלאַנטען.

ערשטער גאַסט: קאַקאָיאַ בלאַזשענסטווא! (קוקט אָן די פּיערטע קאַרט געהט צו דער קעשענע. רעדט פּאַוואָליע, זיפּצענדיג) ווי בּאַלד אַזוי, איז אַ הונדערטער אויף מיינע אַלע.

געסט (אַלע): אַ הונדערטער?!

דאַמען (אַלע): אַ הונדערטער?!?

ישׂראל-איסר: ווטאַקאָם סלוטשאַיע דאַרפען מיר לערנען דעם פּשט, אַז ער סטראַשעט מיך מיט אַ נאַראָש? (מיט אַ גמרא-ניגון) ווי

באַלד אַזוי בעדאַרף מען געהן אויפדעקען די פיערטע מויד. (הויבט אויף פּאַוואָלינקע די פיערטע קאָרט, קוקט אויף גרישאַ׳ן).

**גרישא** (קוקט אַריין אין דער קאָרט פון אונטען אַרויף); פּאָשלאַ! אַ הונדערטער מיט נאָך צוויי הונדערטערם! (דער גאַנצער עולם ווערט העכסט אויפגערעגט. די דאַמען חאַפּען זיך צו די רידיקולם)

אַזאַ קאָרט טרעפט איין מאָל אין הונדערט יאָהר! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

**ישראל-איסר** (קוקט אויף גרישאַ׳ן אַריבער די ברילען): וואָס מיינסטו? איך בין לעוו איזראַילעוויטש?

**גרישא** (בעט זיך): פּאָלגט-זשע מיך! קליאַנום באָגאָם, ער האָט מעהר נישט ווי שראַגע. (ווייזט אויף׳ן ערשטען גאַסט, וואָס ווערט זיך גאַנץ קאַלטבלוטיג).

**ישראל-איסר** (צו גרישאַ׳ן): אַזוי זאָגסט דו? (זיפצט) ניין, נישט פאַר מיר קיין שפּעגולאַציע. איך בין נישט לעוו איזראַילעוויטש. (מישט אוים זיינע פיער קאָרטען מיט אַלע איבריגע אָנגעוואָרפענע, מע זאָל נישט זעהן וואָס ער האָט. מיט אַ טיעפען זיפץ): פּאַם!

**ערשטער גאַסט** (שאַרט צונויף דאָס גאַנצע געלד פונ׳ם טיש מיט ביידע הענד): קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ! (שטופּט מיט ציטערנדע הענד דאָס געלד אין אַלע קעשענעס. אַלע אויגען קוקען אויף איהם מיט קנאה. די דאַמען חאַפּען אַוש די רידיקולם און דריקען צו צום האַרצען).

**גרישא** (אין דער צייט, ווען דער ערשטער גאַסט שטופּט דאָס געלד אין די קעשענעס, טוט ער אַ הויב אויף מיט איין האַנד יענעמס פיער קאָרטען און מיט דער אַנדערער האַנד דערלאַנגט ער אַ זעץ איבער׳ן טיש אַזוי, אַז די טאַליע קאָרטען שפּרינגט אונטער און אויך דער עולם טוט אַ שפּרונג אויף פון די ערטער. די דאַמען פאַלען שיעור חלשות): טשטאָ יאַ וואָס סקאַזאַל? משוגע צו ווערען פון אַזאַ שפּיעל, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!! (אויף זיין געשריי קומט צולויפען פון צווייטען צימער פריהער בערטע, דערנאָך שושנה, דערנאָך דאָס גאַנצע יונגוואַרג און נאָך זיי הײַדאַר מיט דער מגילה) אַזאַ מעשה איז גאָרנישט געהערט געוואָרען! מיט גאָרנישט פערטרייבען דריי מיידלעך?! שומו שמים! ס׳איז הימעל שרייענד!!! גאָט זעהט האָטש! חאַ-חאַ-חאַ, (בעווייזט אַלע-

מען די קאָרטען) זעהט, יודישע קינדער, מיט וואָס מע פער־טרייבט דריי מיידלעך??? מיט גאָרנישט. מיט שראַגע!! מיט שרראַגע!!! נו, קאָן מען לעבען אויף דער וועלט?!

**געסט** (קוקען פון די ערטער אָן די אויפגעדעקטע פיער קאָרטען): שראַגע!

**דאמען** (נאָך זיי, פערברעכען מיט די הענד): שראַגע!

**בערטיע** (בלייבט שטעהן אויף דער טהיר. דערזעהט גרישא'ן מיט די קאָרטען אין האַנד, טוט זי אַ פּלעסק מיט די הענד): אַך! (ווייזט מיט דער האַנד אויפ'ן חתן, פאַלט צו שושנה'ן אויף די הענד).

**גרישא** (טוט אַ שמיין די קאָרטען אויפ'ן טיש. טוט זיך אַ לאָז צו דער כלה): בערטוסיאַ! ברניה'ניו! ווינאָוואַט! טאָ יעסט סליבאַ! איך האָב נישט געשפּיעלט! טשעסטנאָיע סלאָוואָ! טאָ יעסט סליבאַ! קליאַנוס באָגאָם!! (פאַלט איהר צו די פיס): יאָנאַטי! יאָפאַטי! טאַמאַטי!... (אין דער מינוט קומט אָן פון די קיך חנה מיט די המן-טאַשען).

**חנה** (דערזעהט בערטע'ן אַ פער'חלשטע און גרישא'ן שטעהען אויף איין קניע, פערליירט זי דעם טעלער מיט די המן-טאַשען און לאזי״ ייי״ ״ג דער טאַלטער): גאָט איז מיט דיר! טאַלטער מיינע! (צום מאַן) וואָס איז דאָס געשעהן? גיכער! וואָס האָט זיך דאָ געטראָפען? נו, זאָג שוין!

**ישראל-איסר** (צום ווייב, וויל זי בערוהיגען): שאַ, שאַ!! שריי נישט! גאָלע גאָרנישט... אבגעשמיסען... פערטריבען... דריי מיידלעך...

**חנה:** ווער האָט געשמיסען? וועמען געשמיסען? אַ רונער איז מיר! (קוקט אויפ'ן יונגוואַרג): וואָסער מיידלעך?...

**ישראל-איסר** (שטעהט אויף פון טיש): שטיא! פערשטעהסט נישט קיין שפּענגעלאַציע! (מאַכט מיט די הענד) דריי מיידלעך. איך האָב געהאַט דריי מיידלעך און ער (ווייזט אויפ'ן ערשטען גאַסט) האָט גאָלע גאָרנישט. שראַגע האָט ער געהאַט, האָט ער מיר געשמיסען און געשמיסען, פערטריבען הייסט עס מיט שראַגע, מיט גאָרנישט! (גלייך צו איהר אין פנים אריין, מאַכט די הענד) מיט שראַגע! מיט שראַגע!!

פאָרהאַנג.



## שלום־עליכם'ס ווערק.

| | | | פערלאַג | בראָשירט ר' | בראָשירט ק' | געבונדען ר' | געבונדען ק' |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 296. | פיער טייל אין צוויי בענדער | . | פראָגרעס | 2 | 50 | 3 | 10 |
| 297. | יובילעאום־אויסגאַבע | I באַנד | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 298. | „ „ | II „ „ | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 299. | „ „ | III „ „ | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 300. | מנחם מענדיל'ס בריעף | IV „ „ | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 301. | מאָטעל דעם חזן'ס | V „ „ | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 302. | יודישע קינדער | VI „ „ | „ | — | 85 | 1 | 10 |
| 303. | טוביה דער מילכיגער | VII „ „ | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 304. | קאָמי־וואָיאַזשאָרין | VIII „ „ | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 305. | דער מזל. | . . . | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 306. | סטעמפעניו | . . . | „ | — | 40 | | |
| 307. | סענדער בלאַנק און זיין געזינדיל | | „ | — | 35 | | |
| 308. | אַ מעשה אָהן אַן עק | . . | „ | — | 25 | | |

צוזאַמען מיט די געזאַמעלטע ווערק פון דעם באַליעבטען הומאָריסט, וואָס געהען אַרום סיסטעמאַטיש און גרויסען פאָר־מאַט, האָבען מיר אַרויסגעלאָזען אויך אַ ריהע סעריע קליינע בראָשורען פון שלום עליכם'ס בריליאַנטענע הומאָרעסקען. די דאָזיגע בראָשורען, וועלכע פערקויפען זיך צו זעהר ביליגע פרייזען, זענען גלייך צוגענגליך פאַר אַלע שיכטען פון פאָלק, און גיעבען יעדען יודישען לעזער די מעגליכקייט, צו געניסען דעם גרויסען גייסטיגען פערגעניגען, וואָס נאָר איין שלום עליכם איז אימשטאַנד איהם צו פערשאַפען.